משה מאַנדעלמאַן

# שמעון דובנאָוו

און זיין לעבנס־ווערק

## „די וועלט-געשיכטע פון יידישן פאָלק"



(צום הונדערטסטן געבוירנטאָג פון ש. דובנאָוו)

וואָס איז דען דער צוועק און ציל פון שרייבן געשיכטע?

נאַציאָנאַלע געשיכטע איז דער קאָלעקטיווער זכרון פון א פאָלק. די מענטשלעכע ציוויליזאַציע דאַטירט זיך פון מאָמענט ווען מ'האָט אויסגעפונען די מיטלען און מעטאָדן אויף צו געדענקען, אז איין דור זאָל קאָנען איבערגעבן דעם צווייטן דור זיינע דערפאַרונגען, איבערלעבונגען און איינדרוקן.

אקוראַט ווי די יחידישע מענטש־אנטוויקלונג איז באַזירט אויף געדענקען, געדענקען אויסצומיידן — אויפן סמך פון דערפאַרונג — דאָס וואָס קען אים ברענגען שאָדן און אויפצוהאַלטן און פלעגן די דערפאַרונגען, וואָס ברענגען אים נוצן, אַזוי אויך דער נאַציאָנאַלער קאָלעקטיוו, דאָס פאָלק, דאַרף לערנען פון דערפאַרונגען היינט אויסצומיידן דאָס וואָס איז נישט גינסטיק פאַר זיין נאַציאָנאַלער אנטוויקלונג און זאָרגן צו שטאַרקן די מיטלען, וואָס באַגינסטיקן זיין נאַציאָנאַלן זיין.

פון דעם נעכטן, דעם אַמאָל, קען מען לערנען צו פאַרשטיין בעסער די דערשיינונגען און געשעענישן פון היינט און מיט דעם ליכט פון היינט אריינדרינגען אין די פאַרבאָרגענישן פון דעם וויט־ווייטן אַמאָל.

יידן האָבן אָבער, ווייזט אויס נישט געוואָלט געדענקען — זייער א סך כראָניקעס זענען פאַרלוירן געוואָרן — און מ'האָט ווייזט אויס אויך באַוווּסטזיניק נישט געוואָלט פאַרצייכענען, געדענקען. ווי דער יחיד וויל פאַרגעסן דאָס שלעכטע, נישט־אָנגענעמע. און א פנים צוליב דער נטיה טאַקע ביי יידן האָט מען עס אונז אַזוי אָפט אָנגעזאָגט: „זכור". „זכור ימות עולם, בינו שנות דור ודור, שאל אביך ויגדך זקינך ויאמרו לך" (האזינו, פרשה ל"ב, פסוק ז'). אין „שמות", אין סדרה „בשלח" פרשה י"ז פסוק י"ד שטייט:

„ויאמר י'אל משה כתב זאת זכרון בספר ושים באָזני יהושע"...

„זכור את אשר עשה לך עמלק!" (תצא, פרשה כ"ה פסוק י"ז).

דער תנא ר' שמעון בן גמליאל זאָגט (אין מסכתה שבת י"ג ע"ב) „שאם באנו לכתב אין אָנו מספיקים" — אויף פאַרשרייבן אַלע צרות וואָלט נישט געקלעקט קיין צייט.

דער רמבם ווידער האַלט גאָר, אַז געשיכטע שרייבן איז נישט מער ווי „איבוד זמן בהבל" — פאַרלירן צייט אויף פוסטע זאַכן.

מהאי טעמא טאַקע איז ביזן אויפקום פון דער מאָדערנער יידישער היס־טאָריאָגראַפיע — אין די 20־30 ער יאָרן פון 19־טן י"ה — קען מען ביי יידן אָנצייכן קוים עטלעכע צענדליגנ ערנסטע היסטאָרישע, אָדער ריכטי־גער, כראָנאָגראַפישע ווערק.

צו די עלטסטע יידישע געשיכטע־קוועלן געהערן: „ספר מלחמות י"; „ספר הישר" — ביידע דערמאָנט אין חומש — די ספרים אַליין זענען פאַר־לוירן געוואָרן. אין „שמואל" ב', „מלכים" ב' און „דברי הימים" ב' ווערן דערמאָנט די קיניגלעכע הויף־כראָניקעס: „דברי הימים למלכות ישראל" און „דברי הימים למלכות יהודה". אויך די דאָזיקע ווערק זענען פאַרלוירן געוואָרן.

דאָס ערשטע באַדייטנדיקע היסטאָרישע ווערק וואָס טראָגט מער אַ וועלטלעכן כאַראַקטער איז דאָס „ספר חשמונאים" — דאָרט ווערט באַש־ריבן די געשיכטע פון די חשמונאַישע מלחמות. דער פאַרפאַסער איז אומ־באַקאַנט. דאָס דאָזיקע ספר אָבער געהער צו די „ספרים חצונים" — צו די אַפּאָקריפן.

דער ערשטער באַרימטער און פון אַלעמען אָנערקענטער וויכטיגער יידי־שער היסטאָריקער איז יוסף בן מתתיהו הכהן (אַן אָפּשטאַמיקער פון די חשמונאָים) — באַקאַנט אין דער וועלט מיטן נאָמען יאָזעפוס פלאַוויוס. (געבוירן געוואָרן אין יאָר 37 פון אונזער צייט־רעכנונג, געשטאָרבן אין יאָר 95 — 25 יאָר נאָכן צווייטן חורבן). ער איז דער גרעסטער יידישער היסטאָרי־קער פון דער אַלטער צייט. זיינע צוויי ווערק: „די יידישע אַלטערטימער" און „די מלחמות פון די יידן" — דאָס ערשטע אין צוואַנציק טיילן און דאָס צווייטע אין זיבן טיילן דעקן די יידישע געשיכטע פאַר אַ פעריאָד פון העכער צוויי טויזנט יאָר.

„די מלחמות" איז די איינציקע פולשטענדיקע געשיכטע פון דעם גרוי־סען אויפשטאַנד און דעם העראָישן קאַמף, וואָס דאָס קליינע יידישע פאָלק האָט געפירט קעגן דער גרעסטער מאַכט פון יענער צייט — די מעכטיקע רוימישע אימפּעריע.

אכצן יאָר שפּעטער האָט ער אָנגעשריבן זיין גרויס ווערק: „די אַלטער־טימער".

זיין אויטאָביאָגראַפיע „מיין לעבן", אין וועלכער ס'געפינט זיך אַ סך היסטאָריש מאַטעריאַל איז אָנגעשריבן געוואָרןביים סאַמע סוף פון זיין לעבן, אין יאָר 95.

גרויס איבערקזאמקייט און זאגאר פאפולאריטעט, אפילו ביז צו אונזער צייט, איז זיין הייסע אפאלאגיע פון יידן און יידישקייט, וואס טראגט דעם נאמען „קעגן אפיאן". דאס איז א זייער עלאקווענטע פארטיידיקונג פון יידן און יידישקייט. די הויכע קוואליטעט פון דערדאזיקער אפאלאגיע האט גורם געווען, אז זי זאל — אין פארשידענע לשונות — אויפגעהיט ווערן דורך דורות.

זיינע געשיכטלעכע ווערק האבן א סיסטעם און א באשטימטע מעטאדע; רייך אין מאטעריאל און ער ציטירט ברייט די היסטארישע ליטעראטור פון יענער צייט — פון ניט־יידן.

נאך פלאוויוסן ביז די קרייץ־צוגן איז נישט געווען קיין איין ערנסטער יידישער היסטאריקער.

אין מיטלעלטער איז זייער פארשפרייט געווען דער „יוסיפון" — דאס איז א קאמפילאציע — נאכגעמאכט פלאוויוסן, — געמישט מיט לעגענדעס און אגדות פון א סך אנדערע קוועלן. ס'איז אבער געשריבן זייער פארביק און מיט הארץ — דער מחבר אומבאקאנט. אנהייב 16־טן י"ה איז עס אויך דערשינען אין יידיש. דאס האט גורם געווען, אז דער „יוסיפון" איז געווארן א פאלקס־ספר; ס'האט זיך געפונען, אפילו אין אונזער צייט, אין א סך יידישע שטיבער אין די ספרים־אלמערס צוזאמען מיט די היילי־קסטע ספרים.

אנהייב 16־טן י"ה איז שטארק פאפולער געווען ביי יידן דער „שבט יהודה" פון שלמה איבן ווערגא. דארט ווערן באשריבן די רדיפות אין שפא־ניע און די בארימטע רעליגיעזע דיספוטן דארטן.

אין די לעצטע יארן איז באקאנט געווארן — א דאנק דער איבערזע־צונג פון א. ליפינער אויף יידיש — אן אלט היסטאריש ווערק געשריבן אויף פארטוגעזיש. דער מחבר איז שמואל אוסקווע און דער נאמען פון חיבור: „א טרייסט פאר ישראל אין זיין צער". ס'איז געשיכטע געמישט מיט פאעזיע.

דער וויכטיגסטער יידישער היסטאריקער אין 16־טן י"ה איז יוסף הכ־הן פון אוויניאן. דער מחבר פון „דברי הימים למלכות צרפת ואותומן" און „עמק הבכה" וועגן יידישן מארטירערטום זינט חורבן ירושלים ביז זיין צייט. דעם „עמק הבכה" האט דער מחבר פארענדיקט אין יאר 1575, איז אבער כמעט דריי הונדערט יאר אפגעלעגן אין כתב יד, ערשט אין 19־טן י"ה איז דאס דאזיקע ווערק אפגעדרוקט געווארן.

אין דער זעלבער צייט — אין די יארן 1573־1575 — באווייזט זיך א גאר וויכטיק היסטאריש־פילאזאפיש־ווערק אין דריי בענדער, מיט א שארף קריטישער און וועלטלעכער טענדענץ, דער „מאור עיניים" פון עזריה דע־

ראָסי, עזריה מן האדומים. ער האָט דער ערשטער באַקענט די יידישע וועלט מיט די ווערק פון פילאָן אַלעקסאַנדרוני, וואָס זענען געווען אַזויפיל יאָרן אינגאַנצן פאַרגעסן; מיט דער סעפּטואַגינטאַ — תרגום השבעים. אין דעמדאָזיגן ווערק האָט ער זיך דערלויבט צו קריטיקירן אַ ריי פון די איינגעשטעלטע טראַדיציעס. די רבנישע וועלט האָט דעריבער זיין ספר אַריינגעלייגט אין חרם אַריין. ערשט סוף 18־טן י"ה האָבן די „מאספים" עס אַרויסגעגעבן.

אַ וויכטיג בוך איז „צמח דוד" (1592) פון דוד גאַנז אין פּראָג. דאָס איז אַ כראָניק פון יידישע גדולים און פון יידישע און אַלגעמיינע געשעענישן זינט דעם אַלטערטום ביז זיין צייט.

מ'וואָלט געקענט אַויסרעכענען נאָך ענלעכע ווערק, וואָס זענען אָלע אָבער ווייט פון דעם וואָס מיר פאַרשטייען היינט מיטן טערמין „געשיכטע". מערסטנס זענען עס כראָניקעס אָפט געמישט מיט מעשיות און פאַנטאַזיעס, נישט באַזירט אויף דאָקומענטאַר מאַטעריאַל.

געשיכטע מיינט אָבער נישט אַן אָנזאַמלונג און פאַרצייכענונג פון פאַקטן, מ'מוז קענען אַויסגעפונען דעם פאָדעם, וואָס זאָל די פאַקטן צונויפבונדן. מ'דאַרף פון דעם הויפן פאַקטן, געשעענישן און דערשיינונגען קענען אויסטיילן דאָס כאַראַקטעריסטישע, וואָס ס'מערקט זיך אין לויף פון פאָלקס־געשיכטלעכער אַנטוויקלונג. דאָס מיינט האָבן אַ באַשטימטע געשיכטס־פילאָסאָפיע. און אויב מ'רעדט פון געשיכטס־פילאָסאָפיע דאַרף מען אין דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע אונטערשיידן די מערב־אייראָפּעאישע שיטה פון דער מזרח־אייראָפּעאישער שיטה.

די באַגרינדער פון דער מערב־אייראָפּייאישער שיטה זענען די גרופּע דייטשיש־יידישע געלערנטע, וואָס האָבן אין די 20־30 יאָרן פון 19־טן י"ה געלעגט דעם יסוד פאַר דער אַזויגערופענער „חכמת ישראל". זיי זענען:

ד"ר יום־טוב ליפּמאַן צונץ אָדער מער באַקאַנט ווי לעאָפּאָלד צונץ, איזאַק מאַרקוס יאָסט, אברהם גייגער, זכריה פרענקעל, שי"ר ראַפּאָפּאָרט, יעקב בריל, דוד קאַסעל, אייזיק הערש וויים, לודוויג פיליפּסאָן און נאָך אַנדערע.

צונץ ווערט באַטראַכט ווי דער פאָטער פון דער יידישער וויסנשאַפט. צונצס פאַרדינסטן פאַר דער יידישער געשיכטע־פאָרשונג זענען פון גרויס באַדייטונג. ער איז געווען דער גרינדער אין 1819 — אַ צייט פון געדיכטער דייטשישער רעאַקציע — פון באַרימטן „פאַראיין פאַר קולטור און וויסנשאַפט פון יידן" (אויף דייטש: „פעראיין פיר קולטור אונד וויסענשאַפט דער יודען"). אין די יאָרן 1822־1823 זענען אַרויס עטלעכע נומערן פון זשורנאַל „צייטשריפט פאַר וויסנשאַפט פונם יידנטום" אונטער צונצס רע־

דאקציע. זיינע ווערק זענען: „רשי״ס לעבן״, אין וועלכן ער האָט זייער קלאָר אַרויסגעברענגט די תקופה ווען ס׳איז געבוירן געוואָרן די רבנישע ליטע־ראַטור אין מיטלעלטערלעכן פראַנקרייך. א וויכטיג ווערק איז זיין „גאָטעס־דינסטלעכע פאָרטרעגע דער יודען״, ווו ער גיט א שאַרפן אַנאַליז פון אגדה, און מדרש ווי אויך די געשיכטע פון יידישער גאָטדינסט פון עזראָס צייטן אַן ביזן סוף מיטלעלטער. ער האָט דער ערשטער אריינגעברענגט א סך ליכט אין דער אומקלאָרסטער תקופה פון יידישקייט. אין דעם ווערק „צור גע־שיכטע אונד ליטעראַטור״ אַנטפּלעקט ער די אוצרות פון מאָראַל אין דער רבנישער יידישקייט און אין דער רעליגיעזער פילאָסאָפיע. דאָס איז געווען אַן אַרויסרוף צו די מערסטע פון יענע „אויפגעקלערטע״, וואָס האָבן געוווּסט נישט מער ווי צו לעסטערן יידישקייט. קלאַסיש איז געבליבן ביז היינט זיין גרויס ווערק וועגן דער סינאַגאָגאַלער פּאָעזיע אין מיטלעלטער. דאָרטן האָט צונץ באַארבעט די געשיכטע פון פּיוט, די פּאָעזיע פון קדושים, די האַרצ־רייסנדיקע קינות און סליחות, וואָס מ׳האָט מתקן געווען אין די יאָרן פון גרויסע פאָלקס־אומגליקן.

מיט גרויס התלהבות שרייבט ער: „אויב ליידן האָט שטאַפּלען האָט דאָס פאָלק ישראל דערגרייכט דעם העכסטן שפּיץ. אויב מ׳ווערט איידעלער, וואָס מער מ׳ליידט און וואָס שטאַרקער מ׳טראָגט דאָס איבער, איז דאָס פאָלק ישראל דאָס איידעלסטע פאָלק אין דער וועלט. אויב רייך הייסט א ליטעראַטור, וואָס האָט געגעבן עטלעכע טראַגעדיעס, איז וואָס איז שוין צו זאָגן פון א טראַגעדיע, וואָס דויערט שוין אַזויפיל הונדערטער יאָרן; א טראַגעדיע ווו די העלדן גופא זענען די שוישפּילערס און זיי שפּילן די טראַ־געדיע פאַר אַלע פעלקער און דורות לאַנג״.

און דאָך קומט דער זעלבער צונץ צום אויספיר, וואָס איז גילטיק גע־ווען דאַן ביי דער מערב־אייראָפּייאישער יידישער אינטעליגענץ, אַז אין יאָר 135, ווען ס׳איז דורכגעפאַלן דער בר־כוכבא אויפשטאַנד, ווערט איי־געענטלעך פאַרענדיגט די געשיכטע פון יידישן פאָלק, ווייל א צעשפּליטערט פאָלק האָט נישט קיין געשיכטע.

צונצס שול־חבר איזאַק־מאַרקוס יאָסט (1860-1793) האָט אין דער זעלבער צייט זיך פאַרמאָסטן אויפצובויען דעם בנין פון יידישער געשיכטע צו וועלכן צונץ האָט געקליבן ווערטפול מאַטעריאַל. אין די יאָרן 1829-1820 האָט יאָסט באַוויזן אַרויסצוגעבן ניין בענדער „געשיכטע דער איזראַעליטען פון די חשמונאָים ביז אונזערע טעג״.

יאָסט, באַאיינפלוסט פון די אידייען פון זיין צייט, א מעסיקער אַסימי־ליאַטאָר, א רעפאָרמער, אַן אַפּאָלאָגעט, האָט ער נאַטירלעך דאָס אַלץ אריינ־געוועבט אין זיין געשיכטע, וואָס באַזירט זיך אָפּט אויף ווייניק קאָנטראָ־לירט און קריטיש־אַנאַליזירט מאַטעריאַל. איר זעט דאָרטן נישט קיין לע־

בעדיק פאָלק, וואָס ראַנגעלט זיך פאַר זיין קיום, וואָס זוכט מיט כלערליי תחבולות גובר צו זיין די פּאָליטישע עקאָנאָמיש ווירטשאַפטלעכע פּראָבלע־מען, וואָס זענען דאָך אומבאַדינגטע פאַקטאָרן אין דער געשיכטלעכע אַנט־וויקלונג פון א פאָלק.

אגדה און מדרש, וואָס זענען דאָך פאַקטיש דער אָנגעזאַמלטער פונעם פאָלק וועלט־באַנעם איז אין זיינע, יאָסטס, אויגן נישט מער ווי פּוסטע בבאַ־מעשיות.

לויט יאָסטן האָבן יידן ווי א פאָלק אויפגעהערט צו עקזיסטירן צוזאַ־מען מיטן חורבן בית־שני. איצט שטעלן די טרעגער פון תורת־משה פאַר בלויז אַן „אויסגעבריטערטע רעליגיאָנסגעגאָסענשאַפט".

אברהם גייגער (1810-1874) האָט צו זיבעצן יאָר געמאַכט א קריטישן פּירוש אויף דער משנה; אין 1833 פאַרעפנטלעכט א מאָנאָגראַפיע „וואָס האָט מחמד גענומען ביים יידנטום?" 1835 אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן „ווי־סענשאַפטלעכע צייטשריפט פיר יידישע טעאָלאָגיע".

אין די דאָזיקע יאָרן, ווען ער איז געווען ראַבינער אין וויסבאַדען איז ער געווען פון די פלאַמיגסטע קעמפער פאַר רעפאָרם־יידישקייט. מיט דעם ראַציאָנאַליסטישן קאַלט־וויסנשאַפטלעכן מעסער האָט ער געפּרואווט דורכ־פירן די אָפּעראַציע איבער דעם טראַדיציאָנעלן יידישן דרך החיים.

זיין אוניווער־זיטעט־חבר, ר' שמשון רפאל הירש (1808-1888) דער שפעטערדיקער זייל פון דער פראַנקפורטער אָרטאָדאָקסיע האָט אָבער פאַר־פירט קעגן אים און די אַנדערע רעפאָרמער א זייער שאַרפע מלחמה אין וואָרט און אין שריפט.

אין די „ניינצן בריוו וועגן יודענטום" אין „חורב, וועגן די פליכטן פון יידן אין גלות" אין די דאָזיקע און אַנדערע שריפטן פּאַרטיידיגט הירש מיט גרויס אייפער דאָס דורותדיקע יידישקייט; קעמפט מיט ציין און נעגל פאַר יעדן פאַרהייליקטן דין נישט נאָר אין דער תורה נאָר אויך אין שולחן ערוך; יעדער מנהג אפילו איז ביי אים הייליק און מ'טאָר אים נישט מבטל מאַכן.

ביידע, דער ראַדיקאַלער רעפאָרמער גייגער און דער עקסטרעמער קנאי פון דער אָרטאָדאָקסיע הירש שטימען אָבער איין, אַז יידן זענען נאָר א רעליגיעזע גרופּע נישט קיין נאַציע. יידן זענען טיילן פון די אַרומיקע נאַ־ציאָנאַל פּאָליטישע בונדן — ד"ה זיי זענען דייטשן אין דייטשלאַנד, פראַנ־צויזן אין פראַנקרייך וכדומה. ביי זיי, הייסט עס, איז עס רעכט געווען יידן זאָל זיך נאַציאָנאַל אַסימילירן. זיי האָבן נישט באַגריפן צו וואָס דאָס קאָן דערפירן — צו פולער פאַרשמעלצונג צווישן די אַנדערע פעלקער. זיי האָ־בען פאַרזען, אַז ווען מ'צעברעכט די פאַס קאָן מען דעם ווין נישט איינ־

האלטן — בלייבט נישט קיין לעבעדיק פאָלק ווי א באַזונדערער קולטור היס־טאָרישער טיפּ, בלייבט אויך נישט קיין יידישקייט.

חוץ די דערמאָנטע האָבן געשריבן ערנסטע ארבעטן, גרעסערע מאָנאָ־גראַפיעס וועגן דער ביבל, תלמוד, גאונים וכדומה דער דרעזדענער ראבי־נער זכריה פרענקעל, שי״ר ראַפּאָפּאָרט, יעקב בריל, דוד קאסעל, אייזיק הערש ווייס, לודוויג פיליפּסאָן און א ריי אַנדערע.

די טענדענץ פון די אַלע פאָרשונגען איז געווען אן אַפּאָלאָגעטישע דערוווייזן די גרויסקייט פון יידישן גייסטיקן שאַפן; באַווייזן דעם יחוס פונ־וואַנען מ׳שטאַמט און אַז מ׳פאַרדינט דעריבער די עמאַנציפּאַציע, די רעכט פון בירגער אין די לענדער וווּ מ׳לעבט. מ׳האָט גלאָראַפיצירט, געשילדערט אין די ליכטיגסטע פאַרבן, דעם גאָר ווייטן עבר איגנאָרירנדיק באַוווּסטזי־ניק דאָס גייסטיקע שאַפן פון איצט און אויסמיידנדיק צו רעדן פון לעבעדיקן ראַנגלענדיקן פאָלק, די אַזוי־גערופענע „אָסט־יודן״, וועמען די דאָזיקע אויפ־געקלערטע לייט האָבן פיינט געהאַט און לגמרי נישט געוואָלט אומקוקן זיך אויף זייערעליידן און פריידן.

אַנהייב צווייטער העלפט 19־טן י״ה (1851) איז דערשינען א ספר מיט גאָר א נייעם קוק אויף דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג פון יידישן פאָלק. כ׳האָב אין זינען דעם „מורה נבוכי הזמן״ פון ר׳ נחמן קראָכמאַל (געב. אין בראָד 17־טן פעברואַר 1785, (געשט. אין טאַרנאָפּאָל 31־טן יולי 1840).

דאָס דאָזיקע ווערק, וואָס איז — אַדאַנק לעאָפּאָלד צונצן — דערשינען ערשט עלף יאָר נאָכן מחברס טויט, ברענגט צום ערשטן מאָל ארויס די יידי־שע היסטאָרישע קאָנצעפּציע: יידן, א גייסטיקע נאַציע, וואָס קען נישט אריינ־געפּאַסט ווערן אין די ענגע גרענעצן פון א באַשטימטער געאָגראַפישער פּאָ־זיציע אָדער אין א באַשטימטן צייט־אָפּשניט. יידן זענען אן אייביקייט, ווי די וועלט און איר גאָרער יצירה. דעמדאָזיגן גרונט־געדאַנק וואָס דובנאָוו האָט שפּעטער מיט פּופציק יאָר, אַזוי ברייט, מיט וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן אדורכגעפירט אין זיין צען־בענדיקער געשיכטע פון יידישן פאָלק, וועגן וואָס עס וועט זיין א רייד שפּעטער אביסל.

לויט קראָכמאַלס קאָנצעפּציע פאַרנעמט דער נאַציאָנאַלער פּרינציפּ דעם צענטראַלן פּונקט אין יעדן קולטור־היסטאָרישן פּראָצעס. „יעדער נאַציאָ־נאַלער קיבוץ — דערקלערט קראָכמאַל — לייגט ארויף אויף אַלע קולטור־עלע־מענטן, וואָס ער זאַמלט אין זיך אויף, דעם אייגנאַרטיגן שטעמפּל פון זיין גייסט, פון זיין „איך״־נוסח. און טאַקע אָט־די אַלע אינדיווידועל־ספּעציפי־שע פאַרבן און ניואַנסן, וואָס די קולטור־אוצרות באַקומען ביי יעדן פאָלק באַזונדער, זענען עס דער תמצית, דער וויכטיגסטער מהות פון דער נאַציע״.

...„צווישן אַלע קולטורן פון די אַנטיקע פעלקער — ווייזט קראָכמאַל אָן,

טיילט זיך אוים מיט איר אייגנארטיקייט די קולטור פון יידישן פאָלק. ביי יעדער אַנדער פאָלק האָט זיך זיין קולטור אַנטפּלעקט אין באַגרענעצטע, אייגזייטיקע פאַרמען: ביי איינעם איז דאָס העכסטע קריטעריום, די מאָס פון אַלע ווערטן געווען שיינקייט (די גריכן), ביים אַנדערן, גבורה (רוימער) אאַז"וו, און לויט די דאָזיקע באַגריפן זענען אויך געפורעמט געוואָרן די „אלהי האומה", די געטער וואָס יעדעס פאָלק האָט זיך געשאַפן. דאָס יידי־שע פאָלק אָבער האָט — אויף די העכערע שטאַפּלען פון זיין קולטורעלער אַנטוויקלונג — נישט געלאָזט זיך באַגניגענען מיטן באַגרענעצטן און איינ־זייטיקן, נאָר געווענדט זיך אויסשליסלעך צום אַבסאָלוטן און אוניווערסאַלן".

...„דאָס כאַראַקטעריסטישע אין דער נאַציאָנאַלער קולטור פון דעם יידישן פאָלק באַשטייט אין דעם, וואָס זי איז, אין משך פון איר היסטאָרי־שער אַנטוויקלונג, איבערגעוואַקסן די ענגע נאַציאָנאַלע גרענעצן, און האָט זיך דערהויבן צו אוניווערסאַלן פאַרנעם".

...„דער גייסט פון אוניווערסאַלן און אבסאָלוטן צו וועלכן דאָס יידי־שע פאָלק האָט זיך דערהויבן האָט אים געמאַכט אומשטערבלעך, אומאָפּהענ־גיק פון מלוכה־גרענעצן און באַשטימטער טעריטאָריע. און דערפאַר, ווען נבוכדנצרס חיילות האָבן צעשטערט דאָס קיניגרייך פון יהודה, האָט זיך דערמיט נישט פאַרענדיקט דער לעבנס־וועג פון יידישן פאָלק, ווי דאָס איז געווען דער גורל ביי אַנדערע פעלקער; דער גורל פון יידישן פאָלק שפּינט זיך ווייטער".

קראָכמאַל זעט „די אויסשליסלעכע גייסטיגע קראַפט פון יידישן פאָלק דוקא אין דעם, וואָס עס איז איבערגעוואַקסן דעם מלוכה — אינסטיטוט און זיין נאַציאָנאַלע קולטור איז נישט צונויפגעבונדן מיט די ענגע גרענעצן פון א באַשטימטער טעריטאָריע".

ווי מ'זעט טרעט קראָכמאַל קלאָר און שאַרף אַרויס קעגן דער אידעאָ־לאָגיע פון יאַסט, גייגער און אַנדערע, וואָס נעמען אַוועק ביים יידישן פאָלק אין דער דיאַספּאָרע דעם בכבודיקן טיטל נאַציע, דעגראַדירנדיק און פאַר־אורטיילענדיק צו פאַרשמאָלצן צו ווערן צווישן די פעלקער צווישן וועלכע זיי לעבן.

אַן עפּאָכע אין דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע בילדעט דאָס גראַנדיעזע ווערק, אין עלף בענדער, אין דייטש, פון פּראָפעסאָר היינריך גרעץ (1817־1891), וואָס נעמט אַרום די יידישע געשיכטע פון איר ווייטסטער פאַרגאַנ־גענהייט ביזן מיטן 19־טן י"ה.

מיט זיין אַלזייטיגער ערודיציע, שאַרפן אַנאַליטישן חוש, אוניווערסאַלן קוק און מיטן טאַלענט פון א גרויסן קינסטלער האָט גרעץ רעקאָנסטרואירט די געשיכטע פון יידן.

זייענדיק אַ געבוירענער אין פּויזן, פּוילן, ווו ער האָט זיך אין דער יוגנט אָנגעזאַפּט מיט תורה און יראת שמים האָט גרעץ ביים שרייבן די געשיכטע פון יידישן־פאָלק מיטן חוש, מיטן געפיל דערשפּירט דעם סוד פון יידישער פאָלקס־אַנטוויקלונג. מהאי טעמא שילדערט גרעץ מיט גרויס טאַלענט די ליטעראַטור־געשיכטלעכער אַנטוויקלונג, וואָס דער יידישער שעפערישער געדאַנק האָט אַרויסגעבראַכט אין משך פון די עטלעכע טויזנט יאָר. ער האָט אָבער דערביי פאַרקוקט דעם סאָציאָלאָגישן אַספּעקט פון דער יידישער געשיכטע.

כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס גרעץ האָט נישט געקענט געפונען קיין איינהייטלעכע באַצייכענונג פאַר זיין אָביעקט: די ערשטע צוויי בענדער הייסן ביי אים „די געשיכטע דער איזראַעליטן", דער דריטער באַנד־„געשיכטע דער יודענ", די ווייטערדיקע „געשיכטע דער יודען".

גרעץ האָט זיך געהאַלטן אין דער טעאָריע פון צונץ און חברים, אַז צוויי פּאַקטאָרן דאָמינירן אין דער גלות געשיכטע: פון גייסטיגן שאַפן און העלדישן מאַרטירערטום („גייסטעס אונד ליידענס געשיכטע"). דער הויפּט־אינהאַלט פונעם פאָלקס לעבן ווערט רעדוצירט פון איין זייט צו אַ ליטעראַטור געשיכטע און פון דער צווייטער צו אַ מאַרטיראָלאָגיע. דער היסטאָרישער האָריזאָנט איז אַרומגעצוימט מיט די דאָזיקע גרענעצן.

די דאָזיקע איינזייטיגע אויפפאַסונג פון דער נאָך ביבלישער געשיכטע איז עם ממילא גורם אויך איר טיילונג אויף תקופות: די תקופה פון תלמוד, פון די גאונים, פון די רבנים, פון מיסטיק, פון השכלה, אַ ריין ליטעראַרישע טיילונג, אָבער נישט קיין נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכע אין ברייטן זינען פון דאָזיקען וואָרט.

אויף דעם אופן קומט אַרויס דאָס פאָלק ווי אַ פּאַסיווער סוביעקט, וואָס פאַרמאָגט נישט די אַמביציע און ווילן פון אַליין באַוווסטזיניק צו געשטאַלטן זיין הווה און באַוואָרענען דעם קיום אויף מאָרגן.

די געשיכטע פון דער נייער צייט, וואָס איז בעיקר די געשיכטע פון מזרח־אייראָפּייאישן יידנטום, ווערט זייער ווייניק געשילדערט. גרעץ ווייזט אַרויס מער ווי אַן אומפאַרשטענדעניש פאַרן יידישן לשון און וואָס אין דעם לשון איז געשאַפן געוואָרן; ער ווייזט אַרויס שנאה און פאַראַכטונג צום „זשאַרגאָן". גרעץ איז אין די יאָרן פון זיין שאַפן שטאַרק באַווירקט געווען פון דער סביבה, צווישן וועלכער ער האָט געלעבט און געאַרבעט; ער האָט נישט געוואָגט צו גייען קעגן שטראָם ווי זיין צייט־חבר משה העס.

אָט די דאָזיקע מערב־אייראָפּייאישע שיטה אין דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע איז געווען אין איינקלאַנג מיט דעם פּאָליטישן איינשטעל פון דער דעמאָלסדיקער מערב־אייראָפּייאישער אינטעליגענץ, וואָס האָט פריי־

ווייליג אָנגענומען די באַרימטע פאָרמולירונג פון קלערמאָן טאָנער, אויף דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אין פּאַריז, בעת דער גרויסער פראַנצייזי־שער רעוואָלוציע, „יידן ווי אַ פאָלק גאָרנישט — יידן ווי מענטשן — אַלץ" דאָס איז געווען דער פּרייז וואָס די גאָרע מערב־אייראָפּייאישע יידישע אויפגעקלערטע וועלט האָט געצאָלט פאַרן זכות צו קריגן גלייכע בירגער־רעכט. סיי די נאָטאַבלען־פאַרזאַמלונג פון 1806 אין פּאַריז, ווי אויך נאָכ־פאָלגענס „סנהדרין" אַ יאָר שפּעטער האָבן אין אָפיציעלע דאָקומענטן זיך דערקלערט נאָר ווי רעליגיעזע גרופּן, וואָס נאַציאָנאַל זענען זיי גלידער פון דער נאַציע אין וועמענס לאַנד זיי לעבן. זיי זענען פראַנצויזן פון משה רבי־נוס גלויבן דייטשן פון משה רבינוס גלויבן וכדומה. ס'איז דעריבער נאַטיר־לעך געווען, אַז די גאָרע געשיכטלעכע פאָרשונגען, אַז דער גאַנצער מין „חכמת־ישראל" זאָל האָבן אין אויג אָט־דעם אסימילאַציע שטאַנדפּונקט. די היסטאָריאָגראַפיע איז אויך אוועק מיטן אַלגעמיינעם שטראָם און זי האָט זיך מער פאַרנומען מיטן יודאַאיזם, ווי מיט זיין לעבעדיגן שאַפער — מיטן יידישן פאָלק. שווימען קעגן שטראָם זענען נישט בכוח געווען אפילו אַזעל־כע אָפּווייכער פון דער אַלגעמיין־אָנגענומענער דאָגמע, ווי גרעץ.

ערשט די טיפע איבערקערעניש אינם נאַציאָנאַלן זעלבסט־באַוווסטזיין, וואָס כאַראַקטעריזירט אונזער תקופה, האָט אַרויסגערופן אַ געהעריגע ענ־דערונג אויך אין דער אויפפאַסונג פונעם היסטאָרישן פּראָצעס. נאָך דער סעקולאַריזאַציע פון יידישן נאַציאָנאַלן געדאַנק האָט געמוזט אויך קומען די סעקולאַריזאַציע פון דער היסטאָריאָגראַפיע. עס הייבט אָן רייף צו ווערן אַ נייע אויפפאַסונג פון דער יידישער געשיכטע, וואָס שטימט מער מיט איר אמתן אינהאַלט און פאַרנעם.

עס ווערט קלאָר, אַז דאָס פאָלק האָט אין משך פון יאָר־טויזנטער נישט נאָר „געדענקט און געליטן", נאָר עס האָט אויך, ביי די פאַרשידענסטע באַ־דינגונגען, געבויט זיין לעבן ווי אַ באַזונדערער סאָציאַלער אָרגאַניזם, און אַז אויספאָרשן דעם דאָזיקן פּראָצעס פון זיין לעבן — דאָס איז די הויפּט־אויפגאַבע פון אונזער היסטאָריאָגראַפיע.

* * *

שמעון דובנאָוו (געב. 18־טן סעפּטעמבער 1860־געשט. 31־טן דעצ. 1941) האָט דער ערשטער געשריבן די געשיכטע פון יידן, ווי אַ לעבעדיג פאָלק, וואָס קעמפט און ראַנגלט זיך פאַר מאַטעריעלן און גייסטיגן קיום.

דובנאָוו גיט זיך אָפּ רעכנשאַפט וועגן די באַזונדערע שוועריקייטן פון יידישער געשיכטע־שרייבונג. פיר טויזנט יאָר געשיכטע פון אַ פאָלק, וואָס לעבט צעזייט און צעשפּרייט איבער לענדער און קאָנטינענטן; צווישן פאַר־שידענע סביבות און בלערליי קולטור־השפעות; אַ קליינער מיעוט אין ג

פרעמדע וועלט און דאך אן איינהייט! א פאלק! די געשיכטע פון יידישן פאלק — זאגט דובנאוו — איז אויסגעשפרייט כמעט אויפן גאנצן שטח פון דער קולטור־וועלט און אין גאנצן „משך פון היסטארישן לעבן פון דער מענטשהייט". דובנאוו רופט דעריבער זיין ווערק „וועלט־געשיכטע פון יידישן פאלק", באצייכענענדיק דערמיט די איינהייט פון דעם יידישן קאלעקטיוו, דורך דורות, מיט אן אייגענער וועלט־געשיכטע.

דובנאוו גיט זיך אפ א חשבון, אז מחמת דעם, וואס יידן לעבן צעשפרייט איבער דער גארער וועלט, מוז מען ביים שרייבן יידישע געשיכטע, אין זינען האבן די סיטואציע און לעבנס־באדינגונגען פון די פעלקער און לענדער ווו יידן האבן געלעבט און לעבן איצט. דובנאוו גיט דעריבער אין זיין געשיכטע אפ געהעריק פלאץ פאר די פאליטישע תנאים פון געגעבענעם לאנד, די סאציאלע פארהעלטענישן אין דער אלגעמיינער געזעלשאפט; די עקאנאמיש־ווירטשאפטלעכע באדינגונגען. דערביי האט ער אויך שטענדיק פארן אויג די אלגעמיינע לאגע אין דער וועלט.

דובנאווס הויפט־הנחה וואס ער האט אוועקגעלייגט אין זיין גרויס ווערק איז „דער אביעקט פון דער וויסנשאפטלעכער היסטאריעגראפיע איז דאס פאלק, דער נאציאנאלער אינדיווידיואום, זיין אנטשטייאונג, וואוקס און קאמף פאר עקזיסטענץ".

דובנאוו ווענדעט אן דעם עוואלוציע־מעטאד ביים פארשן און שילדערן די געשיכטלעכע אנטוויקלונג פון יידן ווי א פאלק. „דורך א לאנגער רייע יארהונדערטער טיילט זיך אויס פון דער ארומיקער פעלקער־סביבה פון אלטן מזרח דער צוערשט פארמלאזער פאלקס־עמבריאן, ער נעמט אן א באשטימטע נאציאנאלע געשטאלט, ער שאפט און פארלירט א מלוכה, ארבעט אייגנארטיק איבער די אויפגענומענע עלעמענטן פון דער אלגעמיינער קולטור און הויבט זיך אויף אין זיין גייסטיקן שאפן צו נביאישע הויכן"... „דער מאמענט ווען דער נאציאנאלער טיפ נעמט אן זיין ענדגילטיקער פארם, פאלט צונויף מיטן מאמענט פון ערשטן פאליטישן חורבן (גלות בבל). דער צווייטער פאליטישער חורבן, אונטער די קלעפ פון רוים, רופט ארויס ביים צעברעקלטן פאלק נייע פארמען פון קאמף פאר זיין נאציאנאלער איינהייט: דער דראנג צו אויטאנאמען לעבן צו א מאקסימום סאציאלער און קולטורעלער אייגנארטיקייט נעמט אן שוין נישט מלוכהשע, נאר אנדערע געזעלשאפטלעכע פארמען. צום דאזיקן ציל ווערט צוגעפאסט די גאנצע גייסטיקע טעטיקייט פון דער נאציע: דער יודאאיזם ווערט געפארעמט לויט דער סאציאלער עקזיסטענץ פון פאלק, אבער נישט פארקערט".

דובנאוו ווענדעט אויך אן אין זיין געשיכטע דעם פרינציפ פון סינטעז. ער זוכט און באמיט זיך אויפצודעקן די אלגעמיינע וועגן און צילן פון היסטארישן לעבן פון פאלק, אין דער וואנדלונג פון יאר־הונדערטער אין

פארשידענע לענדער; ער אנטדעקט דעם אָרגאַנישן צוזאַמענהאַנג צווישן די ברוכטיילן פון צייט און רוים, אין משך פון דער פיר־טויזנט־יאָריקער עוואָ־לוציע פון דער נאַציע.

דובנאָוו האָט געשריבן זיין געשיכטע פון יידישן פאָלק האָבנדיק כסדר אין אויג, אַז די פיר טויזנט־יאָריקע יידישע געשיכטע איז אַ יי נ ע, זי איז נישט פונאַנדערצעטיילן. דובנאָוו דערוויזט אַז „סיי אין מלוכהש: און סיי אין גלותדיגן פעריאָד פון זיין געשיכטע איז דאָס יידנטום אַ בולט אויסגעדריקטער טיפּ־נאַציע, און נישט בלויז אַ רעליגיעזע גרופּע צווישן אַנדערע נאַציעס. די דאָזיקע אייביק־לעבעדיקע נאַציע האָט תמיד און אומעטום פאַרטיידיגט איר אויטאָנאָמע עקזיסטענץ סיי אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, סיי אויף אַלע געביטן פון קולטור־שאַפן".

...„דער „גלות" וואָס איז שטאַרק אַנטוויקלט געוואָרן נאָך אין די צייטן פון מלכות יהודה האָט אומעטום זיינע אויטאָנאָמע קהלות און אין אַ סך ערטער אויך צענטראַלע זעלבסט־פאַרוואַלטונג־אָרגאַנען, אייגענע געזעצגע־בערישע און געריכטלעכע אינסטיטוציעס (סנהדרין, אַקאַדעמישע און פּאַ־טריאַרכן אין דער רוימיש־ביזאַנטישער פּאַלעסטינע; עקזיליאַרכן, גאונים און געזעצגעבערישע אַקאַדעמיעס אין בבל; קהלות און ועדים אָדער קהלה־סיימען אין פוילן און ליטע)."

להיפּוך דער מערב־אייראָפּייאישער שיטה האַלט זיך דובנאָוו ביי דער מער וויסנשאַפטלעכער קאָנצעפּציע, די סאָציאָלאָגישע. אין גרונט פון דער דאָזיקער קאָנצעפּציע ליגט דער געדאַנק, אַז „דאָס יידישע פאָלק איז תמיד און אומעטום געוואָרן דער סוביעקט, דער אַקטיווער שאַפער פון זיין געשיכ־טע נישט נאָר אין גייסטיגן נאָר אויך אין סאָציאַלן לעבן"

דובנאָוו ווענדט אָן די דאָזיקע סאָציאָלאָגישע קאָנצעפּציע אויך ביים אויסטייטשן די גאָר אַלטע יידישע געשיכטע. ער שרייבט אין דער הקדמה צום ערשטן באַנד: ...„ביים ליכט פון דער סאָציאָלאָגישער אויפפאַסונג ווערט אויך פאַרשטענדלעך די אַנטינאָמיע פון נאַציאָנאַליזם און אוניווער־סאַליזם, דער קאַמף צווישן פּאָליטישן און גייסטיקן מאָמענט אין דער טע־טיקייט פון די ביבלישע נביאים. דער דאָזיקער קאַמף פון ישראל צווישן די מלוכות פון אַלטן מזרח, ווערט פאַרענדיקט מיטן גרויסן סינטעז פון די נביאים: די נאַציע איז דער קערן — די מלוכה די שאָלעכץ. די שאָלעכץ ווערט צעבראָכן אָבער דער קערן בלייבט. און אויב דער קערן איז געזונט וועט די נאַציע תמיד קענען איינהיטן איר אויטאָנאָמיע אין דער אַרומיקער סביבה און דינען אַלס „פאָן פאַר פעלקער", אַלס מוסטער פון גייסטיגער שטאַנדהאַפטיקייט".

מהאי טעמא ווערט אויך פאַרשטענדלעך וואָס דובנאָוו דער ראַציאָנאַ־

ליסט, דער קאַלטער בעל שכל, וואָס האָט אין זיין פריער יוגנט שטאַרק זיך איינגעריסן מיטן טראַדיציאָנעלן יידישן לעבנס־נוסח, זעט פונדעסטוועגן און שאַצט אָפּ אָביעקטיוו דעם זין פון תלמוד און תלמודיזם ווי אַ מין שוץ־פאַנצער איינצוהאַלטן די נאַציאָנאַלע דיסציפּלין. „דער תלמוד איז קודם כל אַ געשריבענער דענקמאָל פון דער נאַציאָנאַלער העגעמאָניע פון די יידישע אויטאָנאָמע צענטערן אין דער רוימישער פּאַלעסטינע און אין פּערסישען בבל; אַ דענקמאָל פון דורותדיקע, אָנשטרענגונגען פון די פאָלקס־פירער צו שאַפן אַ האַרטע שאָלעכץ פון געזעצן אַרום דעם צעברעקלטן נאַציאָנאַלן קערן".

און באמת, ווי וועט מען געפונען אַ פאָלק אין דער וועלט, וואָס זאָל פּרייוויליק אָן דעם דרוק און מורא פון מלכות, פון שטראָף, נעמען אויף זיך דעם עול אונטערוואַרפן זיך אַזאַ שטרענגן ריגאָר, אַזאַ קאָדעקס, וואָס איז פאָרמולירט אין תלמוד, אין שלחן־ערוך. און יידן האָבן דאָך געלעבט מיט דער אייזערנער זעלבסט־דיסציפּלין אין משך פון אַזויפיל יאָר־הונדערטער אין דער גאָרער צעשפּרייטקייט. דאָס האָט זיך דאָך מיט דער צייט פאַרוואַנדלט אין דעם יידישן לעבנסשטייגער, געוואָרן דער דרך החיים פון יידן איבער דער וועלט.

דובנאָווס געשיכטע שיידט זיך אונטער נישט נאָר אין דעם וויסנשאַפּטלעכן מעטאָד נאָך אויך אין אינהאַלט.

אין דער עלטסטער תקופה פון דער יידישער געשיכטע האָט דובנאָוו נאַטירלעך, אויסגענוצט אַלע נייסטע אַרכעאָלאָגישע אַנטדעקונגען און פאָרשונגען, וואָס די פריערדיקע געשיכטע־שרייבער — גרעץ איינגערעכנט — האָבן נאָך די דאָזיקע קוועלן נישט געהאַט. ערשט אין די לעצטע 70 יאָר האָבן די אויסגראָבונגען אין עגיפּטן, מעסאָפּאָטאַמיע און ארץ ישראל געעפנט פּאַראַלעלן צו געשעענישן פון די סאַמע אַלטע תקופות פון ישראלס געשיכטע. אייניקע ביישפּילן:

די טאָוולען פון טעל־על־אַמאַרנע וואָס זענען אַנטדעקט געוואָרן אין עגיפּטן אין 1887 באַלויכטן די לאַגע אין פּאַלעסטינע אונטער דער עגיפּטישער הערשאַפט אין 15־טן י"ה פ"ק. די דאָזיקע טאָוולען ווייזן אונז דעם פּראָצעס גופא ווי די העברעאישע שבטים זענען אַריינגעדרונגען קיין כנען, און זיי באַלייכטן די תנאים, ביי וועלכע די ישראלים האָבן דעראָבערט דאָס דאָזיקע לאַנד.

די אַנטדעקונג פון דעם קאָדעקס האַמוראַבי (אָדער האַממוראַפּי) אין 1902 האָט דערטראָגן צו אונז אַ ווידער קול פון צוויי טויזנט יאָר פאַר אונזער צייט רעכענונג, ווען דער באַבילאָנישער קעניג האַמוראַבי איז געווען דער הערשער איבער כנען (דרך אגב, מ'נעמט אָן אַז האַמוראַבי איז אַמראַפל

דער קיניג פון שנער, וואָס איז דערמאָנט אין ספר „בראשית). דער דאָזיקער געזעץ־קאָדעקס איבערראַשט מיט זיין ענלעכקייט צו „תורת־משה", דאָס איז אַ באַווייז אויף דער קעגנזייטיקער השפּעה און קרובהשאַפט צווישן אַלע קולטורן פון פאָדער־אַזיע אין צווייטן יאָר טויזנט פ"ק.

די אַראַמייאישע פּאַפּירוסן פון עלעפאַנטינע (אַנטדעקט און דורכגע־לייענט אין די יאָרן 1906־1911) באַשטעטיקן די עקזיסטענץ פון אַ גרויסער יידישער קאָלאָניע אין עגיפּטן אין זעקסטן און פינפטן יאָרהונדערט פ"ק — לאַנג פאַר דער אַנטשטייאונג פון גרויסן יידיש־העלעניסטישן צענטער אין אַלעקסאַנדריע.

די אויסגערעכנטע און אַנדערע, נאָך נייערע אויסגראַבונגען, באַשטע־טיקן וואָס אַמאָל מער, אַז די פאַרשידענע פּאַסירונגען, וואָס ווערן דערמאָנט אין תנ"ך האָבן דווקא יאָ אַן אָנהאַלט אין דער דעמאָלדיקער רעאַליטעט.

אַזוי למשל דערציילט זיך אין אַ בוך, וואָס איז מיט עטלעכע יאָר צו־ריק דערשינען אונטערן נאָמען „אור" (אור־כשדים פון חומש) פון לעאָ־נאַרד וואול — דירעקטאָר פון דער שותפותדיגער עקספּעדיציע פון בריטי־שען מוזיי און פון מוזיי ביים פּענסילוועניער אוניווערסיטעט, — אַז גע־אָלאָגישע פאָרשונגען פון די פאַרשידענע ערד־פּלאַסטן, וואָס מ'האָט געפונען אין דער אויסגעגראָבענער שטאָט „אור" באַווייזן מיט זיכערקייט, אַז ס'איז טאַקע פאָרגעקומען אַ מבול. און דער מחבר גיט צו, אַז אויב מ'וועט פרעגן: אין דער תורה שטייט דאָך, אַז עס איז פאָרגעקומען אַ מבול איבער דער גאַנצער וועלט — איז דער ענטפער: דאָס איז דעמאָלסט געווען די וועלט. אַקוראַט, איידער מ'האָט אַנטדעקט אַמעריקע אָדער אויסטראַליע איז די „גאַנצע וועלט" געווען אָן אַמעריקע און אויסטראַליע.

דובנאָוו פּלייסט זיך צו באַווייזן ווי הימל־ווייט ס'איז געווען דער קוק און די פאָרשטעלונג פון יידן וועגן גאָט, וועלט, מענטש און די גאָרע יצירה לגבי די אַרומיקע פעלקער, וואָס האָבן געהאַלטן פון פילגעטעריי, פּאָליטע־איזם. ווייל ווירקלעך, יעדעס פאָלק האָט אין זיין עפּאָס אַ באַשטימטע פאָר־שטעלונג ווי אַזוי וועלט און מענטש איז באַשאַפן געוואָרן און דורך דעם עפּאָס קומט פאַקטיש צום אויסדרוק דער גייסטיקער ניוואָ פון געגעבענעם פאָלק. דובנאָוו זאָגט דעריבער:

„פאַרגלייכט מען די טיפּזיניקע קאָסמאָגאָניע פון ספר „בראשיח" מיט יענע עלעמענטן פון דער אַלט־אָריענטאַלישער מיטאָלאָגיע זעט מען קלאָר איין, ווי הויך דער געדאַנק פון ישראל, פאַרקערפּערט אין זיינע אויסדער־ווײלטע גייסטער, האָט זיך אויפגעהויבן איבער די־דאָזיקע פּרימיטיווע פאָר־שטעלונגען, שאַפנדיק פון זיי אַ פונדאַמענט פאַר אַ געלייטערטער רעליגי־עזער וועלט אָנשויאונג"... „אַלע געשיכטלעכע שילדערונגען פון דער תורה

און פון די כראָניק־ספרים זענען דורכגעדרונגען מיט איין מעכטיגער אי־דייע: מיט דער אידייע פון דער איינהייט און שכלדיקייט פון די היסטאָרי־שע געשעענישן, וועלכע ווערן אָנגעפירט דורך איין העכסטן זיטלעכן ווילן".

און טאַקע, נעמט למשל דעם באַרימטן גילגאַמעש־עפּאָס פון די פּער־סיער, איז פּאַקטיש דאָרטן דאָ נישט קיין קאָסמאָגאָניע נאָר אַ טעאָגאָניע. עס ווערט דאָרטן דערציילט וועגן דער באַשאַפונג פון די געטער גופא און וועגן דעם קאַמף צווישן זיי, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיטן נצחון פון וועלט־הערשער מאַרדוק איבערן אור־כאַאָס אין געשטאַלט פון דער געטער־מוטער טיאַמאַט (תהום).

אין „בראשית" דאַקעגן ווערט „די וויסנשאַפטלעכע דערקלערונג פון וועלט אָנהייב איינגעוויקלט אין אַ רעליגיעזן לבוש. גאָט דערשיינט דאָ נישט אַלס פּראָדוקט פון דער נאַטור אויך נישט אַלס פאַרקערפּערונג פון איינער פון אירע קרעפטן, ווי דאָס איז דער פאַל ביים פּאָליטעאיזם, נאָר אַלס שעַ־פער פון דער נאַטור, אַלס אייביק־פאַראַנענער און נישט קיין געשאַפענער; די וועלט איז גאָטס שאַפונג און נישט עפּעס פיינטלעכס צו אים, וואָס ער איז גובר דורך קאַמף".

און לויט יידישן באַנעם איז די קרוין פון דער געטלעכער יצירה דער מענטש, וואָס איז געשאַפן געוואָרן, לויט גאָטס־געשטאַלט און איז באַשאַנ־קען מיט אַ ניצוץ פון געטלעכן גייסט. און די גמרא אין סנהדרין זאָגט אויפן פּסוק: „ויברא אלהים את האדם בצלמו" כדי עס זאָל נישט זאָגן איין מענטש צום צווייטן: מיין פאָטער איז גרעסער פון דיין פאָטער... יעדער איינער איז מחויב צו זאָגן: „צוליב מיר איז באַשאַפן געוואָרן די וועלט". דאָס מיינט, אַלע מענטשן שטאַמען פון איין מקור, האָט דעריבער יעדער איינער זיין באַזונדערן ווערט און קיין שום מענטש קען נישט אָפּשאַפן די רעכט פון אַ צווייטן מענטשן.

מיט גרויס פּאַטאָס זאָגט דובנאָוו: „פאַרגלייכט מען די גייסטרייכע מל־כים־כראָניקעס מיט די גלייכצייטיגע אַסירישע כראָניקעס און דענקמאָל־אויפשריפטן קריגט מען אַ קלאָרן באַגריף וועגן חילוק צווישן דער גלענצנ־דיקער אויסערלעכקייט פון דער אַסיריש־באַבילאָנישער ציוויליזאַציע און דער באַשיידענער, אָבער, טיף־גייסטיקער קולטור פון ישראל. אַזאַ דער־שיינונג ווי דאָס נביאות, אין זיין העכסטער עטישער פאַזע, איז לחלוטין פרעמד געווען די אַלט־אָריענטאַלישע פעלקער — דאָס איז געווען דאָס אויסשליסלעכע אייגנס פון דעם פאָלק ישראל און יהודה".

ס'איז, מיין איך, אינטערעסאַנט דאָ צו ברענגען ווי אַן עדות דעם באַ־ווּסטן אַמעריקאַנער סאָציאָלאָג העגרי דזשאָרדזש, וועלכער האָט געפאָ־דערט, אַז די ערד אין אַמעריקע זאָל נאַציאָנאַליזירט ווערן, וואָס זאָגט אין

זיין ווערק „פּראָגרעס און אָרעמקייט", בעת ער רעדט אַרום די וואונדער־לעכע פרייהייטלעכע געזעצגעבונג פונם יידישן פאָלק: „די איבעראַשנדיקע אונטערשיידן צווישן די עגיפּטישע געזעצן און די יידישע געזעצן זענען נישט קיין אויסערלעכע נאָר פּרינציפּיעלע. דער ציל פון די ערשטע איז: דיסציפּלין און אַ פאַרשקלאַפנדיקער יאָך פון הערשאַפט — דער ציל פון די לעצטע איז: די פּערזענלעכע פרייהייט"... „נישט די אָפּהיטונג פון אייגנ־טום נאָר די אָפּהיטונג פון דער מענטשלעכער געשטאַלט — דאָס איז דער ענד־ציל פון משהס געזעצן. זיינע תקנות באַצוועקן נישט צו העלפן די שטאַרקע אָנצוזאַמלען קאַפּיטאַל, פאַרקערט, זיי זוכן אָפּצוהיטן דעם שוואַכן פון רויב און פאַרשקלאַפונג. איבעראַל שטעלן זיי אויף צוימען פאַר דעם עגאָאיזם און דער ליבע צו געלט, וועלכע זענען עלול — אויב מען זאָל זיי לאָזן, איינצוטיילן די גאַנצע מענטשהייט אויף גרויסע פאַרמערס און קנעכט, קאַפּיטאַליסטן און אַרבעטער, מיליאָנערן און אַרבעטסלאָזע, הער־שער און פאַרשקלאַפטע"... „אין אַלע געזעצן פון משהן ווערט גערעדט ווע־גען דער ערד ווי וועגן אַ מתנה פונעם באַשעפער פאַר אַלע זיינע באַשע־פענישן — קיינער טאָר איר נישט אָוועקנעמען אַלס מאָנאָפּאָל"... „און אויך דערפאַר וואָס עס עקזיסטירט אַ טאָג אין וועלכן עס ווערט פאַרשטומט די שטימע פונם האַמער — אויך פאַר דעם דאַרף מען זיין דאַנקבאַר דעם יידנטום, דעם געזעץ וואָס איז אויסגערופן געוואָרן אין מדבר־סיני".

דער גרעסטער אויפטו אָבער, דובנאָווס, איז אין דער באַאַרבעטונג פון דער נייער און נייסטער יידישער געשיכטע אָנהייבנדיק מיט דער פראַנציי־זישער רעוואָלוציע פון 1789. דאָ, באַזונדערס אין דער געשיכטע פון רוסי־שען יידנטום, האָט דובנאָוו געשאַפן צום ערשטן מאָל אַ פולבלוטיגע געשיכ־טע פון אַ פאָלק, וואָס מאַכט העראָאישע אָנשטרענגונגען גובר צו זיין, צו באַקעמפן אַלע רדיפות און גזירות, וואָס די צאַרן און די רוסישע רעאַקציע האָבן צוגעטראַכט. גלייכצייטיק מוז דאָס פאָלק אויך אינערלעך מאַכן גע־וואַלדיגע אָנשטרענגונגען איינצואָרדענען דאָס נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמע לע־בען צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען פון דער נייער צייט, וואָס האָט פון גרונט־אויס געענדערט דעם אויסזען פון פאָלק, דורך פאַרוואַנדלען זיך פון אַ קליינשטעטלדיקער נישט דיפערענצירטער מאַסע אין אַ גרויס־שטאָטישע־באַפעלקערונג מיט מאָדערנע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע באַוועגונגען.

די עשירות פון די אָנגעזאַמלטע מאַטעריאַלן ווי אויך די וויסנשאַפט־לעכע אַרבעטן פון די לעצטע עטלעכע צענדליג יאָר האָט דובנאָוו געגעבן די מעגלעכקייט, צום ערשטן מאָל, אויף אַ סיסטעמאַטישן אופן איבערצו־געבן די אַנדערטהאַלבן יאָרהונדערטיקע געשיכטע פון דעם רוסלענדישן צענטער.

נישט קיין אַפּאָלאָגיע איז דובנאָווס אויסן, ווייל קיין פאָלק דאַרף נישט

זוכן קיין בארעכטיקונג פאר זיין עקזיסטענץ. אקוראט ווי יעדער יחיד־מענטש דארף נישט זוכן קיין זכות־הקיום פאר זיין „זיין", ווארום יעדער מענטש טראָגט זיין עקזיסטענץ־בארעכטיגונג אין זיך, ווי עס הייסט אויף העברעאיש, ער איז א „חי נושא את עצמו"; דער פאקט וואָס ער עקזיסטירט בארעכטיקט שוין זיין „זיין", אזוי אויך יעדעס פאָלק, אומאָפּהענגיק דערפון צי עס האָט געשאפן גרויסע ווערטן, צי עס האָט עפּעס מתקן געווען פאר דער וועלט אָדער נישט קען נישט דורך קיינעם אָפּגעפרעגט ווערן אין זיין רעכט אויף נאציאָנאלער אייגנארטיקער עקזיסטענץ. אָט דער עלעמענטאַרער אָבער שטאָלצער קוק אויף דעם „זיין" פון נאציאָנאלן אינדיווידיאום האָט געהאט א טיפע ווירקונג אין דעם אויסרייפן פון נאציאָנאלן באוווסט־זיין ביי גרויסע טיילן פאָלק.

דובנאָוו איז ווייט נישט געווען קיין אָפּגעשלאָסענער קאבינעט מענטש. ער האָט געהאט אן אָפן אויער און א טיפן אריינבליק צו דערהערן און צו דערזען אלץ, וואָס דאָס האסטיקע לעבן האָט טאָג־טעגלעך אונטערגעטראָגן. דובנאָוו האָט דעריבער מיט טעמפּעראמענט און מיט קלאָרקייט גלייכצייטיק רעאגירט אויף די וויכטיגסטע פּראָבלעמען און דערשיינונגען אין יידישן און אין אלגעמיינעם לעבן פון זיין צייט.

אין די „בריוו וועגן אלטן און נייעם יידנטום" באגרינדעט דובנאָוו זיין טעאָריע „יידן א גייסטיקע נאציע"; דערווייזט די וויכטיקייט פון אויטאָנאָמיזם פאר אונזער צייט; ער לייגט פאקטיש אויס א נאציאָנאל־פּראָגראם, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער יסוד פון די פּראָגראמען ביי אלע יידישע נאציאָנאלע באוועגונגען.

אין 1891 לאָזט דובנאָוו ארויס דעם רוף „נחפשה ונחקורה" א רוף צו זאמלען פּנקסים און אנדערע היסטאָרישע ווערטפולע דאָקומענטן. אין 1908 גרינדעט ער די „היסטאָריש עטנאָגראפישע געזעלשאפט" אין פּעטערבורג און אין 1909 הייבט ער אָן ארויסצוגעבן דעם דיקן יערלעכן זשורנאל „יעווריייסקאיא סטארינא" אונטער זיין רעדאקציע. ער האָט אויך געגעבן סיסטעמאטישע קורסן אין יידישער געשיכטע אין פּעטערבורגער אוניווערסיטעט. דורך דעם אלעם האָט ער דעם אומבאשרייבלעכן פארדינסט, וואָס ער האָט דערצויגן א דור נייע געשיכטע־פאָרשער, וואָס א סך פון זיי האָבן אליין געמאכט ווערטפולע צושטייערונגען פאר דער ניי־צייטיקער יידישער היסטאָריאָגראפיע.

דובנאָוו איז געווען א קעמפער פאר פרייהייט און חשיבות פון מענטש. שוין אין דער פריער יוגנט איז זיין ליבלינג געווען לודוויג בערנע, דער ראפינירטער פאטיריקער אין קאמף קעגן דער דייטשישער רעאקציע. דובנאָוו דערציילט מיט יאָרן שפּעטער... „צום ערשטן מאָל האָב איך דערהערט די שטים פון פּראָטעסט קעגן דעספּאָטיזם... צום ערשטן מאָל האָב איך דער־

פילט דעם צויבער פון רעוואָלוציאָנערן גייסט; באַזונדערס בין איך געווען באַגייסטערט פון בערנעס קאַמף פאַר פרייהייט פון געדאַנק, א קאַמף, וואָס איז מיר געווען נאָענט פון אייגענער דערפאַרונג". אין זיין טאָג־בוך שרייבט דובנאָוו אַריין... „כסדר דריקט מיך דער באַוווּסטזיין, אַז מיר איז אויסגע־פאַלן צו לעבן אין אַן עפּאָכע פון דער סאַמע שרעקלעכסטער רעאַקציע, צו וועלכער עס נעמט גאָרנישט קיין סוף. אַלע אידעאַליסטישע שטרעבונגען ווערן דערשטיקט, עס הערשט ברוטאַלער כוח, די מאַכט פון סאָלדאַט און פּאָליציי. דער געדאַנק ווערט פאַרפאָלגט, דאָס געוויסן אונטערדריקט... עס דערנעענטערט זיך דער יאָרטאָג פון א גרויסער היסטאָרישער געשעעניש (די פראַנצייזישע רעוואָלוציע פון 1789), און האַלב אייראָפּע, וועט זי באַ־גענגענען מיט פאַראַכטונג און מיט אָנגעשפּיזטע באַגנעטן"... אין א צווייט אָרט אין זעלבן טאָג־בוך: „אַ שרעקלעכע, א געמיינע צייט! וואָלט איך גע־ווען פיזיש געזונט און אַליין, וואָלט איך אַוועק קיין אַמעריקע אויף שטענ־דיק. כ'וואָלט בעסער געגאַנגען האָלץ האַקן אין א פריי לאַנד איידער צו זיין א שרייבער אין דעם לאַנד פון ווילקיר, קנעכטשאַפט און דעספּאָטיזם... טיילמאָל וואַכט אין מיר אויף א צאָרנדיקע ענערגיע, דעמאָלט דוכט זיך מיר, אַז איך בין פעאיק צו א גרויסער טאַט. איך וואָלט געקעמפט מיטן דעספּאָ־טיזם, געקעמפט פאַר מיין באַליידיגט פאָלק, פאַר דער צעטראָטענער פריי־הייט, פאַר די רעכט פון מענטש, ביז איך וואָלט געפאַלן אין קאַמף..." (וואָס וואָלט דובנאָוו שוין געזאָגט צו אונזער היינטיק שטיקעלע צייט?)

דובנאָוו האָט שטאַרק ליב געהאַט זיין פאָלק. די בקיאות זיינע אין די ווייטע פאַרהוילענע וועגן פון היסטאָרישן גאַנג פון יידישן פאָלק, זיינע ליי־דען, זיין גרויסע וויטאַלע קראַפט, זיין אומגעשטילטער דורשט צו גייסטי־גער יצירה האָט איינגעפלאַנצט אין אים אָט דידאָזיקע ליבע. אין זיין טאָג בוך שרייבט ער: „איך האָב ליב, שטאַרק ליב, די דאָזיקע באַגאַבטע מאַסע, וואָס האָט אויסגעהאַלטן אַלע צרות און רדיפות נאָר א דאַנק דעם כוח פון איר גייסט — א זעלטענע, און אפשר איינציקע דערשיינונג אין דער מענטש־לעכער געשיכטע".

ער באַטראַכט יידן, ווי אַן אויסנאַם־נאַציע, א גייסטיקע נאַציע, וואָס האָט באַוויזן צו ווערן דער זעלטענער פענאָמען אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, צו זיין צעשפּרייט אויפן גאַנצן כדור הארץ (היינט צו טאָג למשל, וואוינען יידן אין העכער הונדערט לענדער), און מלוכהשע פאָרמען און דאָך אויפצוהאַלטן דאָס אייגענע נאַציאָנאַלע פּנים להכעיס אַלע דרויסנ־דיקע און נישט וויניק אינערלעכע מכשולים און מניעות.

זיין ליבע צום געדרודפטן פאָלק האָט ער נישט פאַראַטן ביזן לעצטן אָטעם־צוג זיינעם. זיין טאָכטער סאָפיע דובנאָוו־ערליך שרייבט: „אַז די קאַטאַסטראָפע האָט זיך אָנגערוקט, האָט ער נישט געוואָלט מאַכן קיין אייז

שרײַט כדי זיך צו ראַטעווען. דאָס לעבן פון פאָלק איז געווען זײַן לעבן; דער אומקום פון די יידישע מאַסן איז געוואָרן זײַן אומקום. דער אַנאַלן־שרײַבער פון אַ סך שרעקלעכע טעג אין לעבן פון זײַן פאָלק האָט דאָס לעצטע, סאַמע שרעקלעכע בלאַט, פאַרשריבן מיט זײַן אייגן בלוט". ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט די יידן אין ריגער געטאָ דעם 31־טן דעצעמבער 1941.

* * *

דובנאָווס לערע, זײַנע ווערק, זענען פאַר אונז אַן אומאויסשעפּלעכער קוואַל אויך פאַר אונזער הײַנטיקייט און אויך פאַרן מאָרגן.

ס'איז דאָך בלתי ספק, אַז מיט דעם אָנקום פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און דעם גרויזאַמען חורבן פון אונזער פאָלק האָט זיך געענדיקט אַ גאַנצער פּעריאָד אין דער יידישער געשיכטע און ס'הייבט זיך אָן אַ נײַער פּעריאָד, וואָס טרעפט דעם רעשט פאָלק קאָנצענטרירט אין צוויי גרויסע שעפערישע צענטערם מיט אַ גוואַלטיק אויסגעשפּרייטער דיאַספּאָרע. איז דאָס פּראָבלעם פאַר אונז הײַנטיקע ווי אויך פאַר די נאָכקומענדיגע מאָר־גענדיקע צו זאָרגן דערפאַר, אַז ס'זאָלן זיך מערן די כוחות און מיטלען וואָס קענען באַוואָרענען אויפן בעסטן אופן די ווייטערדיקע נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ.

ס'טאָר דעריבער נישט זײַן קיין מחלוקה ווער עס זאָל דאָמינירן — דאָס פאָלק איז דאָס פּרימערע! אַלץ אַנדערס, אַפילו די מלוכה, זענען נאָר מיטלען אויף צו באַוואָרענען דעם קיום האומה. די צײַט פאָדערט פון אונז צו זוכן דעם סינטעז אין יידישן לעבן. אַלע פּאָזיטיווע דערשיינונגען, אַלץ וואָס האָט אַ ווערט פאַר דעם חיזוק פון דעם נאַציאָנאַלן לעבן דאַרף אונז זײַן טײַער און הייליק. ישראל און די ישובים אין דער צעשפּרייטקייט זענען גלײַכווערטיקע פאַקטאָרן און דאַרפן געהיטן ווערן, געפּלעגט און געשטאַרקט ווערן צום גונסטן פון נאַציאָנאַלן קיום.

מיר מוזן אויך געדענקען, אַז דער גורל פון אונזער זײַן איז ענג געבונדן מיטן גורל פון דער גאָרער וועלט, פון דער גאָרער מענטשהייט. מיר מוזן דעריבער זײַן פאַראייניקט מיט דעם טייל וועלט, וואָס קעמפט פאַר פרייהייט, גערעכטיקייט און שלום. קיין שום טאָטאַליטאַרע מלוכה־פאָרם, פון וואָס פאַר אַ קאָליר ס'זאָל נישט זײַן, טאָר נישט האָבן קיין אָרט אין אונזער מיט. דער קאַמף פאַר דער וועלט־גאולה איז אונזער קאַמף! ווי זאָגט ר' שלמה אין פּרץ'ס „גאָלדענער קייט": „אויסגעלייזט מוז ווערן די וועלט פון פּײַן און שרעק". די וועלט! נישט נאָר די יידן.

נאָך מער, לויט טיף־יידישער באַנעמונג איז די אמתע גאולה געבונדן מיט דער אויסלייזונג פון דער גאָרער יצירה, פון דעם גאַנצן באשאַף — ווען

פרידן וועט הערשן צווישן אלע לעבעדיגע ברואים, ווען ס'וועלן מתוקן ווערן אלע פגימות אין דער יצירה, ווען ס'וועט אראפּנידערן דער אור־הגנוז — דאָס פאַרבאָרגענע ליכט משׁשת ימי־בראשית, ווען ס'וועט קומען דער יום שכולו טוב, ווען שבת וועט זיין אויף דער וועלט!

דער דאָזיקער גלויבן, דער טראַדיציאָנעל־יידישער בטחון קען פון אונז נישט אַרויסגעריסן ווערן להכעיס אלע בייזן פון וואָס מיר זענען געווען און זענען עדות.



# Simón Dubnov

## Su Vida y su Obra

por

**M. Mandelman**



Imprenta "LA VOZ" Pedro Moreno 129 México, D. F.